מענדל נייגרעשל
אליעזר שינדלער

# קליינע אַנטאָלאָגיע
# פֿון דער יידישער ליריק
# אין גאַליציע • 1897 ביז 1935

פֿאַרלאַג פֿון א. ב. צעראַטאַ • ווין

1 9 3 6

טיפּאָגראַפּיע פֿון א. ב. צעראַטאַ ● געדרוקט אין דער דרוקעריי פֿון רייטער און שותּפים, ווין, צווייטער באַצירק, טאַבאָרשטראָז נומער 52b

*mendl neugröschel yn eliëser schindler: klejne antologje fyn der jidisher lirik in galicje, 1897 bis 1935* ● *copyright 1936 by verlag a. b. cerata, wien, 20. bezirk, jägerstraße nr. 3* ● *druck: buchdruckerei reiter und co., wien, 2. bezirk, taborstraße nr. 52b*

# ווכצעטל

## יעקב אַדלער

### צייטליד

מיר װעלן קײן קאָרן, קײן װײץ און קײן גערשטן
ניט האָבן —
די פֿעלדער, די ברייטע, זײ שטײען אין גריבער
צעגראָבן.

מיר װעלן קײן שאָף און קײן רינד אויפֿן פֿעלד מער
ניט האָבן —
די פֿעלדער, זײ זענען פֿאַרנומען מיט מתים
און ראָבן.

די בוימער, זײ שטײען באַלאָדן מיט עפּל
און באַרן —
זײ װעלן אַזוי אויף די צװײגן פֿאַרפֿױלן,
פֿאַרדאַרן...

די ייִנגסטע, די קרעפֿטיקסטע מענטשן, זײ שטײען
אין פֿלאַקער —
נישטאָ, װער ס'זאָל זײען און פֿלאַנצן און פֿירן
דעם אַקער.

די פֿעלדער, זײ זענען פֿאַרנומען מיט מתים
און ראָבן —
מיר װעלן קײן קאָרן, קײן װײץ און קײן גערשטן
ניט האָבן...

## ראובן אייזלאַנד

### אַזוי, אַזוי, די יאָרן גייען

אַזוי! אַזוי! די יאָרן גייען און איך ווער אַלט.
איך האָב דאָס היינט געפֿונען אויף אַ שער־בלאַט פֿון אַן אַלטן בוך.
אַז באַלד און איך וועל ווערן דרייסיק יאָר.

איך ווינטש מיר, כ׳וואָלט געווען שוין אַלט.
איך וואָלט מיר דאַן געקויפֿט אַ גראָבן שטעקן,
און אפשר גאָר אַ טאַבאַק־פּושקעלע צום שמעקן,
און וואָלט אַרויס אין גאַס, געזעצט זיך בײַ דער טיר,
באַטראַכט איעדן איינעם און געלאַכט אין מיר
אויף אַלע די, וואָס יאָגן איילנדיק זיך פֿאַרביי
און האָבן גאָר קיין צייט ניט. אַ קוק, אַ לויף, אַ שפּיי,
און ווייטער זיך געיאָגט צו אַלדי גוטע יאָר.

און אפשר גאָר
וואָלט איך דאָס אויכעט ניט געטאָן,
נאָר כ׳וואָלט זיך פּשוט גאַנץ אַזוי געלאָזן
געגאַנגען מיר שפּאַצירן אין די גאַסן,
די הענט פֿאַרלייגט אַהינטער אויפֿן רוקן,
אַביסל איינגעביקט, בנעימותדיק נאָר קוקן,
ווי שטיל, געלאַסן, ס׳טרעטן אויף די שטיינער
מיינע אַלטע ביינער,
טראָט נאָך טראָט,
טראָט נאָך טראָט.

●

## פּאָרטרעט

דאָס שאַרפֿע נעזל ברוגז צו דעם דיל,
די דינע ליפּלעך ווי צונויפֿגעקלעבט.
דאָס דאַרע הענטל ווי פֿון דראָט געוועבט
קלעבט אויפֿן טיש פֿאַרביסן, האַרט און שטיל.

און ווי אַ שלענגל צווישן גלאַנציק שטרוי,
קלאַפּט אויף איר שלייף אַן אָדער דין און בלוי.
די בייזע שנאה צינדט די אויגן גרוי.
דאָס הענטל אָבער קלעבט פֿאַרביסן שטיל.

## שמואל יעקב אימבער

### דאָס גראָז איז שענער

דאָס גראָז איז שענער פֿון אַלע בלומען,
די טרער איז טיפֿער פֿון אַלע ימען;
דאָס גליק, וואָס קומט אויף אַ שטרוי געשוואומען,
בינדט הענט און פֿיס דעם ריז צוזאַמען.

דער טראָפּן בלוט אונטערן מינדסטן נאָגל
קומט אָפּט צום האַרץ אַלס לעצטער טרייסטער.
דער זאַק אָן שפּייז, דער לערער לאָגל,
באַטייט געווין אין דעם חכמ'ס רייסטער.



### מיינע טעג

די טעג מיינע גייען אין שטילקייט אַוועק,
ווי כוואַליעס, וואָס גייען צו קניען באַם ברעג.

די טעג מיינע גייען, ווי מיידלעך צום טאַנץ —
פֿול פֿרייד און פֿול בלוטרויש און ציטערדיק גאַנץ.

די טעג מיינע קומען, ווי קינדער צו מיר
און שיטן — ווי קינדער — שאַרף זאַמד פֿאַר מיין טיר...

זיי קומען און לאָזן מיך אָפּטמאָל פֿאַרוויינט —
איך שייד זיך מיט זיי, ווי מע שיידט זיך מיט פֿריינט.

ישראל אַשענדאָרף

## הערשעלע אָסטראָפּאָליערס מצבה

דאָ ליגט הערשעלע, הערשעלע פֿון אָסטראָפּאָליע,
געשפּייזט זיין גוף מיט בולבעס, באָרשט און פּאַסאָליעס,
געקליידט זיך אין אָפּגעריסענע־אָפּגעשליסענע מלבושים,
ס'גאַנצע לעבן אַ חלוש — אויפֿגעהאַלטן זיך מיט נסים.
דאָס ווייב האָט באַ אים נעבעך געהאַט אַ פֿינצטערע דאָליע —
דאָ ליגט הערשעלע, הערשעלע פֿון אָסטראָפּאָליע.

ס'קומט טאַקע אליהו הנביא די רבנים „תיקו'ס" אויפֿצוקלערן.
די פֿעסלעך גאָלד באַ די גבירים פֿון טאָג צו טאָג זיך מערן.
אָבער וואָס מערער ס'לערנען די רבנים די הייליקע תורה,
אַלץ מער פֿאַרזינקען זיי אין דער זינדיקער מרה־שחורה.
און וואָס מער ס'ציילן די גבירים זייערע פֿעסלעך גאָלד,
אַלץ מער שרעקן זיך — גלייך תמיד וואָלט מען זיי באַרויבן געוואָלט.
אָבער ער אין גרעסטער נויט אַרומגעגאַנגען איז מיט אַ פֿריידיקן גלויבן;
דאָס גאָלד פֿון זיין שמייכל געלעגן איז פֿאַר יעדן פֿריי.
ווייל ווער וועט עס דען פּרואוון באַ אים אַוועקרויבן,
פֿאַר יעדן, פֿאַר יעדן איז עס דאָך געווען סיי ווי סיי!

ליגט ער דאָ, דער קלוגעטשקער הערשעלע, אונטער דער מצבה,
הערשעלע, וואָס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פֿונם הימל בגנבה,
אַרויסגעגנבעט זיך, אָנצוטרינקען אַלע פֿאַרמרה־שחורהטע מיט פֿריידן.
ס'האָט נאָך אים געבענקט דער אויבערשטער אין זיין פֿאַרגליווערטן גן־עדן,
האָט ער אים געפּלאָגט מיט דחקות און נויט, ער זאָל פֿאַרלאָזן די ערד.
נאָר וואָס מער ר'האָט געליטן, אַלץ העזהדיקער האָט ער זיך געווערט,
ביז ער האָט ווי אַ לאַנג נאָכגעיאָגט הינדעלע נאָכגעגעבן —
זאָל זיין פֿרייד זיין איינגעבינדן אין בינטל פֿון אונדזער אומעטיקן לעבן.

## פֿערד אין דער נאַכט

פֿערד אין דער נאַכט זענען נאָנטער ווי מענטשן,
ווען ס'גייט אויף לבנה אַזוי רויט אויף קופּאָלן,
אויף קופּאָלן פֿון קלויסטערס, וואָס זשאַרען אין אָוונט,
ווען דער טאָג, ווי אַ גוסס, ליגט האַרט פֿאַרן פּאַרקן.

פֿערד אין דער נאַכט זענען נאָנטער ווי טרערן,
ווען ס'קומט אויף דערמאָנונג אין האַרץ פֿון אַ מענטשן,
זענען טיפֿער פֿון פֿריידן, וואָס קוואַלן פֿון טיפֿן,
ווען ס'האָט זיך צעפּלאַטערט אַן אָדלער אין האַרצן.

פֿערד אין דער נאַכט אויף גראָזן פֿון לאָנקעס,
ווען ס'בויגן זיך קעפּ אַזוי פֿרום אָן געשפּאַן,
זענען נאָנטער ווי אומעטן אין צייט פֿון אָפּשטאַרבן,
זענען ליבער ווי פֿריידן אין שעה פֿון באַגינען.

פֿערד אין דער נאַכט, ווען ס'האָט אַ רעגן געקאַפּעט
און ס'זינגען די רינוועס דאָס ליד פֿון פֿאַרגייען —
קענען טיפֿער באַהעפֿטן דעם צער פֿון דיין האַרצן,
וועלן טיפֿער פֿאַרשטייען די פֿרייד פֿון אַ מענטשן...

## אַ רו פֿון פֿאַרנאַכט

אַ רו פֿון פֿאַרנאַכט אַ געבענטשטע,
געשפּינטע פֿון גינגאָלדנע שטראַלן,
פֿון טיך־ווייכע, מיסטישע קלאַנגען,
הילט איין איצט אין בלאָע וואוואַלן
די פֿעלדער, געצירטע מיט זאַנגען.

אַ שטילינקער פֿויגל פֿאַרדרימלט,
דאָס קעפּל פֿאַרדעקט מיט אַ פֿליגל;
איצט ווינט זיך אין גליק־פֿולע ווייען
און זעט נישט די הימלישע חופּה,
וואָס טוט זיך מיט שטערן באַזייען...

אַ הויך ווי פֿון אַנדערע וועלטן
באַרירט לייכט דיין קראַנקע נשמה;
אַ ליד פֿון פֿאַרבאָרגענע גליקן
צעגיסט זיך אין זיסקייט אַרום דיר
און טוט דיך אין חלומות פֿאַרשטריקן...

## וואונדערלעך

ווי וואונדערלעך, ווי וואונדערלעך דאָס איז געשען:
איך בין געזעסן אויפֿן גאַנעק פֿאַרן הויז,
געקוקט ווי קינדער דרייען זיך אין רינגען,
און זינגען, זינגען, ווי קליינע קינדער זינגען,
און נישט געזען,
ווי ס'גייט דער טאָג, דער טאַניק, פֿאַר מיינע אויגן איבער —
ווי וואונדערלעך עס איז דער טאָג אין נאַכט אַריבער.

און ס'קאָן נאָך זיין, עס וועט אַמאָל אַזוי געשען:
איך וועל, ווי איצטער, זיצן אויפֿן גאַנעק פֿאַרן הויז
און קוקן, ווי קינדער דרייען זיך אין רינגען
און זינגען, זינגען, ווי קליינע קינדער זינגען,
און וועל נישט זען,
ווי ס'גייט דער טאָג, דער טאַניק, פֿאַר מיינע אויגן איבער —
ווי ס'גייט מיין לעבן אין אַן אַנדער וועלט אַריבער.

אורי צבי גרינבערג

## באַשעפעניש מענטש

און איך האָב געפֿרעגט באַ חכמים מיט שניי אויף די קעפּ שוין:
וואָס איז דער סוד פֿונם מענטשלעכן אָנהויב און אויסלאָז.
וואָס איז זיין אויפשטיין מיט זון גלייך און וואָס איז זיין אויסגיין.

עס זענען די זקנים געזעסן נאָך טבילה אין וואַסער,
(עס האָבן געפֿיבערט אוודאי די לויטערע גופים)...
און האָבן געקנייטשט מיט די קלוגע און ליכטיקע שטערנס
אַריבער די ספרים פֿון מענטשלעכע זיבעציק שפּראַכן.
און ס'האָבן די שויבן געברענט אין דער וועלט פֿונם אָוונט.
ווען זייערע הייליקע אויגן האָט אָוונט געצויגן — —

(אַזוי האָט געברענט אין מיין קאָפּ דאָס געוועב פֿון מחשבות).

קינד מיינס, האָט יעדער פֿון זיי מיר געזאָגט אינם אָוונט:
יאָרן און יאָרן אַזוי בין איך חוקר־ודורש
אין הייליקע ספרים.
און פֿון דעם באַשעפעניש: מענטש, שטייט געשריבן (אַ ציטער!)
די מעשים, די חכמה, די נעצן, דאָס שלעכטס און דאָס גוטע,
און אַליין, וואָס דערציילט פֿונם מענטשלעכן אויפגיין און אויסגיין:
דאָס בויען היכלות מיט פֿרייד און דאָס קלינגען מיט גלאָקן,
דאָס לאַכן אין דופּטיקע נעכט ביז די רויטע באַגינענס,
די וואונדער פֿון גיין אויפן ים, דאָס פֿאַרפּילן דעם מרחק
און דאַן די חורבנות פֿון מענטשן, דאָס שעלטן דעם הימל,
דער פֿאַל פֿון די לייבער און ווערן אַ שפּייז פֿאַר די ווערים. —

און איך האָב די זקנים געלאָזן באַ זייערע ספרים,
מיט חן פֿון לבנות אין פּנים און נאַכט אין די אויגן,
(זיי זענען זיך טובלען געגאַנגען אוודאי אין טייכן — —)

ס׳זענען שוין פֿינצטער געוועזן די שויבן פֿון וויי־שטעט
און ס׳האָט דער צוקאָפּנס־שטיין מיינער: דער וואַנזין, געפֿונקלט,
ווען איך האָב מיין גוף אַזוי גרויליק אַנידערגעוואָרפֿן
אין נאַכטישן ווינקל.



## פֿון: „מעפֿיסטאָ"

כ׳האָב מיין בעטל געשטעלט אויף דער פלושענער שוועל
פֿאַר שלאָפֿן־גיין־טויער.

האַלב־נאַקעטער זיין איך, דעם קאָפּ אַ געבויגענעם
ביז צו די קניעס,
און קאָרטשע מיך, קאָרטשע מיך:
עפֿן דיך, טויער!

אָ אַכזר, אָ האַר פֿון מיין לייד־טאָג און אומרו,
לאָז רוען באַנאַכט כאָטש דיין קרבן — מיין קערפּער!

דער שלאָף איז אַ גוטער, אַ ווייכער, אַ טיפֿער.
די נאַכט איז אַ קילע, אַ לינדע, אַ שטילע,
און איבער דעם בראַנדיקן סנה־גוף צעגיסט זיך
אַ רחמימדיק בלאָקייט — —

אָ עפֿן דעם טויער!

עס ברענען אַזוי מיינע וואונדן, מעפֿיסטאָ!
עס ברענען די צייכנס פֿון דיינע גלי־ריטער!
און וואָס וועט דיר שאַטן, אַז פּלאָג־גוף וועט שלאָפֿן,
אַ פּאָר שעה נישט ויסן, וואָס ס׳איז אַזוינס לעבן,
אַ פּאָר שעה נישט גרוילן!!
אומזיסט איז מיין תּפילה.
דער האַר איז אַ טויבער...
מעפֿיסטאָ אַ טויבער!

האַלב־נאַקעטער זיץ איך, דעם קאָפּ אַ געבויגענעם
ביז צו די קניעס,

מיין בעט איז געשטעלט אויף דער פלושענער שוועל
פאַרן שלאָפן־גיין־טויער . . .

די נאַכט איז אַ קילע, אַ ווייכע, אַ גוטע,
מעפיסטאָ — אַ טויבער — —

## סאָלאָמאָן דעמביצער

### די נאַכט אין שטעטל

די הייזער, זיי שלאָפן, זיי שטייען איצט שטום,
דער שומר גייט לאַנגזאַם אין שטעטל אַרום,
פאַרלאָזן דער מאַרק, די געסלעך און גאַס,
די וועלט זעט אויס טרויריק און טויטלעך און בלאַס;
עס רוט אויך דער גאָרטן, די בלום און דער בוים,
די נאַכט, דאַכט זיך, חלומט אַן אייביקן טרוים...
און אַלץ איז מיט צויבער, אַזוי הייליק און שטיל,
די הייזער, דער טורעם, דער מאַרק און די שול.
די לבנה דאָרט אויבן שפּאַצירט זיך פאַרטראַכט,
באַלייכט איצט דאָס שטעטל אין שטילקייט פון נאַכט. --

## אין קוני איילאַנד

משה־לייב, משה־לייב,
ס׳איז ניט פֿון ויידגס פֿעלד דאָס שיקסל, וואָס דו זעסט.
פֿון וואַנען דען? פֿון הי.
דאָס הייסט — אַ פֿויגעלע פֿון אַ בראָדווייער נעסט
איז זי? — — —
קען זיין.

און אפשר גאָר
איז זי אַזאַ, וואָס טאַנצט די האָנאָלולו־טענץ
אין קוני איילאַנד דאָ.
און אַלע נאַכט באַוואַרפֿט מען זי מיט גאָלד און קרענץ —
אַיאָ? — — —
קען זיין.

און אפשר גאָר
האָט זי אַ מאַן, אַ לאָרד, וואָס טראָגט אַ ווייסן באָרד,
און וואוינט אין אַ האָטעל,
וואו שטייט, ווי וואַקס־פֿיגורן, שטיין די דינער דאָרט
באַם שוועל? — — —
קען זיין.

אויב יאָ אַזוי,
פֿאַרוואָס־זשע קומט דער לאָרד ניט אויך אַהער צו גיין,
פֿאַרוואָס? וואו איז ער, וואו?
צי איז ער אויך אַליין, משה־לייב? אַזוי אַליין
ווי דו? — — —
קען זיין.



## *memento mori*

און אַז משה לייב, דער פּאָעט, וועט דערציילן,
אַז ער האָט דעם טויט אויף די כוואַליעס געזען,
אַזוי ווי מע זעט זיך אַליין אין אַ שפּיגל,
און דאָס אין דער פֿרי גאָר, אַזוי אַרום צען —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה לייבן ?

און אַז משה לייב האָט דעם טויט פֿונדערווייטנס
באַגריסט מיט אַ האַנט און געפֿרעגט, ווי סע גייט,
און דווקא בעת ס'האָבן מענטשן פֿיל טויזנט
אין וואַסער זיך ווילד מיט דעם לעבן געפֿרייט —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה לייבן ?

און אַז משה לייב וועט מיט טרערן זיך שווערן,
אַז ס'האָט צו דעם טויט אים געצויגן אַזוי —
אַזוי ווי סע ציט אַ פֿאַרבענקטן אין אָוונט
צום פֿענצטער פֿון זיינס אַ פֿאַרהייליקטער פֿרוי —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה לייבן ?

און אַז משה לייב וועט דעם טויט פֿאַר זיי מאָלן
נישט גרוי און נישט פֿינצטער, נאָר פֿאַרבנרייך שיין,
אַזוי ווי ער האָט אַרום צען זיך באַוויזן
דאָרט ווייט צווישן הימל און כוואַליעס אַליין —
צי וועט מען דאָס גלייבן משה לייבן ?

## די לוקווער יידן

די לוקווער יידן
גייען אין זגרעבגע העמדער!
און זיי לעבן תמיד אין פרידן:
די לוקווער יידן!

אויף זעליק פישלס רוקן
איז אַ פּחד צו קוקן!
ער פּאַקט אַ בוהיי באַ די הערנער,
טוט דער זיך צו אים בוקן!

וואָס רוישט אַזוי דער וואַלד?
סאַראַ מעכטיק קלינגען?
דאָס קאָסען די לוקווער יינגען
און לוקווער שניטערנס זינגען!

ס'וואַקסט דאָס האַרץ אין דער ברוסט,
ס'קומען אויף שטאָלצע טרערן!
ס'ווען זיך אַזוינע יידן,
ווי לוקווער יידן מערן!...



## מיין טרויערליד

ס'האָט מיך אַרומגענומען דער טרויער
ווי די יונגיטשקע, גרינינקע סמערעקעס
דער שניי
מיט זיין שווערן, גראָבן טלית...

הויך דעם טוט מיר גאָרנישט וויי...

## מיכלווירטה

### מירעלע

דער קרעמערקעס דבורהלעס טעכטערל הייסט:
שיין מירעלע, מירעלע!
און דבורהלע זאָגט, אַז איר איינציקע טרייסט
איז מירעלע, מירעלע.
די זון שיינט באַטאָג, די לבנה באַנאַכט,
און מירעלע שטייט באַ דעם פֿענצטער און לאַכט...
לאַך, מירעלע! מירעלע!

דאָס מירעלע איז הנעווודיק, צוקערדיק שיין,
דאָס מירעלע... מירעלע!...
זי האָט ווייסע הענטעלעך, ווייסינקע ציין...
אַך, מירעלע... מירעלע!...
די יינגלעך ווערן פֿאַר בענקשאַפֿט אַוש בלאַס,
נאָר מירעלעס הערצל איז קאַלטער פֿון אייז...
איי, מירעלע! מירעלע!

פֿאַר מירעלעס פֿענצטערלעך דרייען זיך אַרום —
זעט מירעלע... מירעלע...
די פֿיינסטע בחורימלעך שווייגנדיק שטום...
הם... מירעלע... מירעלע...
די זון שיינט באַטאָג, די לבנה באַנאַכט,
און מירעלע שטייט באַ דעם פֿענצטער און לאַכט...
איי, מירעלע! מירעלע!

עס פֿליען נאָר זיפֿצן צום הימל אַרויף...
אַך, מירעלע... מירעלע!
עס נעמט נישט קיין עסן, עס נעמט נישט קיין שלאָף,
אוי, מירעלע... מירעלע!

עס פלאַצן די הערצער פון ווייטאָג און שמערץ,
נאָר קיינער קען רירן ס'פאַרפרוירענע הערץ
פון מירעלע, מירעלע!...

די יאָרן ווי וואַסערן שווימען אוועק,
זע, מירעלע, מירעלע!
עס האָט שוין דיין שיינקייט גענומען אַן עק...
אוי, מירעלע... מירעלע!
שוין פינצטער דיין פנים, געבויגן דיין קאָפ
און רויטלעך די אויגן און גרוי שוין דער צאָפ...
גרוי! מירעלע... מירעלע...

עס לייכטן די שטערן, די לבנה באַנאַכט
אויף מירעלע, מירעלע!
זי שטייט בײַ דעם פענצטער פאַרומערט, פאַרטראַכט...
אוי, מירעלע... מירעלע!...
עס שווימען די וואָלקן אַהין און אַהער,
פון מירעלעס אייגעלעך קאַפּעט אַ טרער...
וויין, מירעלע!... מירעלע!...

## צוויי פֿרויען אין גאַס

צוויי פֿרויען פֿאַרווייען אַ שווייגן
אינמיטן אַ ליידיקער גאַס —
פֿליען באַלקאָנען ווי שטייגן
און מאַכן דעם אָוונט פּלאַץ.

שפּרייזט פֿון דערווייטנס דער אָוונט
מיט אַ ציגאַר אין די ציין,
פֿילט מיט דער שטאָט זיך באַוואָרנט,
ווי מיט אַ צעמענטענעם ביין.

צוויי פֿרויען טראָגן אַקעגן
אַ פֿרישגעדעקטע נאַכט
אויף הענט — ווי פֿאַרטרעטענע וועגן
אין פֿאָרשטאָטס־גערטנער פֿאַרשפּאַרט.

איצט גייען הינט נאָך אין גאָרטן
און זוכן פֿאַרמעקטע טריט,
ווייל ס'קומען שוין מענער — ווי קאָרטן
אויף אַ פֿאַרפֿלעקטן טיש. —

וואַקסט אין די פֿרויען אַ מידקייט
ביז ווייט אַרויף צום באַלקאָן,
וואו ס'האָבן גלעזערנע טירן
אין זייערע הענט זיך דערמאָנט.

וואו ס'קנייטשן זיך נאָך גאַרדינען
פֿון זייער פֿאַרגעסענער שאַנד,
און ס'טריפֿט שוין אַ טרייסט דורך אַ דינער,
מיט טויטקייט פֿאַרהאָנגענער וואַנט. —

## י. ל. טעלער

### ליד

דער אַלטער מיט די מילדע, גוטע אויגן און די אָדערדיקע צאַרטע הענט,
באַם פּאַרקן אין זומערדיקן פֿאַרנאַכט:
שטילקייט שלייכט אַרום אין גערטנער —
און באַשפּריצט די ביימער און די גראָזן;
יונגע הערצער בענקענען צו שאָטנדיקע פּלויטן;
אין בלייכן שיין, מיט ציטערדיקע הענט
שרייבן ווינטן איין זייערע נעמען אין זאַמד;
און דער גוטער זקן באַם פּאַרקן
רוקט אַריין צוויי פֿינגער מיט טאַבאַק אין נאָז,
ווי אַ שאָטן מיט אַ קריגל מילך
איילט אַ שמייכל דורך אויף זיינע ליפּן...

מיטן וועג, וואָס פֿירט צום באַלויכטענעם הויז,
שפּאַנט ער געמיטלעך,
הענט פֿאַרלייגט, און קאָפּ אויף ברוסט,
ווי ער וואָלט געשאַצט דעם ווערט פֿון די אייגענע טריט...

## באַליידיקט

דו האָסט זיך איבער מיר געבויגן —
סאַמעט־פֿליגל זענען אָנגעפֿלויגן,
געגלעט מיין פּנים מיט ווייס פֿון דיינע אויגן...

האָבן ווייסע דעכער זיך געוויגט אין שטויבן,
הייזער האָבן זיך אין וואַסער־בערג געבויגן —
אונדז מיט זיך אַראָפּ, אַראָפּ געצויגן.

מיין קאָפּ איז אויסגעבויגן ווי צום שעכטן,
איך בין באַליידיקט נאָך פֿון נעכטן
און בעט אויפֿסניי, מיינע צעפּ צעפֿלעכטן...

## דניאל לייבל

### פֿון ווינטער

די ערד איז געווען אַ גאָרטן, אַ ווייסער,
מיט שניי־ווייסע בלומען באַוועבט און באַצווײַגן —
איך שטיי פֿאַרן פֿענצטער און רייב מיר די אויגן:
מע זעט נישט אַזוינס אין פֿאַרכשופֿטן קעסטל:
אַ שניי איז געפֿאַלן און ס'ציטערט אַ פֿרעסטל.

און האָסטו דאָס פֿענצטער געעפֿנט
און האָסטו אַרויס זיך געבויגן —
דערפֿילסטו אַ זילבערנעם קופּל פֿון אויבן,
וואָס שיט אויף דיר בלומען מיט זילבערנע גלאַנצן.
און אַלץ הויבט אָן לאַכן
און אַלץ הויבט אָן טאַנצן
און דו — אין דער מיטן.

מיר זינגען, מיר הוליען,
און אַלץ מוז איך קושן,
און אַלץ מוז איך טוליען,
און ענג ווערט די וועלט אונדז:
דער הימל פֿאַרהאַלט אונדז,
די ערד, זי פֿאַרשטעלט אונדז.
מיר מוזן דעם זילבערנעם הימל צעברעכן —
מיר הויבן די קעפּ און ער מוז זיך שוין שיטן.
אַ שטויס מיטן פֿוס און די ערד איז אַנטלאָפֿן
און שוין איז אַלץ פֿרייער
און שוין איז אַלץ אָפֿן.
נאָר פּלוצים דערפֿילסטו, אַז דאָס נאָר איז טייער,
וואָס ווייטער און ווייטער

און שוועבט נאָך אַרום אין צעבראָכענע הימלען,
און שליידערסט אַרום מיט פֿאַרוואָגלטע ערדן,
און פֿאַלסט באַלד אַ מידער.
מלאכים פֿאַרבלוטע מיט בלוטיקע שווערדן,
מלאכים, וואָס גוססען, זינגען דיר לידער.

## ווי אַ נס אויף דער וועלט

ווען כ׳זע אים פֿאַרהילט אין זיין טלית,
פֿאַרגאַרטלט אין שפּלער גויט,
דאַן גלייכט ער זיין אייגענעם גאָט —
און דאַמאָלס באַגרייף איך שוין אַלעס.

קדושים, ווען מ׳האָט זיי געצויגן
צום שייטער, אין ליידן פֿאַרליבט,
האָבן אַזוי נישט באַטריבט
געבליקט ווי בײַ אים זיינע אויגן...

ס׳איז פֿול מיט תמימות זיין גלויבן.
וואָס יעדערן מאַטערט און קוועלט,
קאָן ער דערטראָגן אין שטילן;
ער פֿילט, וואָס ס׳קאָן קיינער נישט פֿילן
און לעבט ווי אַ נס אויף דער וועלט. —

## פון: „דער נביא"

איך גיי נאָך צווישן אייך
מיט צוגעמאַכטע אויגן,
און דריקט איר מיר די האַנט,
דאַן איז מיין קאָפּ געבויגן.
און יאָרן האָב איך לאַנג
אַזוי דורך אייך געצויגן...
איך גיי נאָך צווישן אייך
מיט צוגעמאַכטע אויגן.

איר האָט געגלעט מיין קאָפּ
מיט איניק־גרוים באַגערן,
האָב איך דערפילט אין ברוסט
א הארציק־ווייך פאַרצערן,
און עפּנדיק דאָס אויג —
דערזעען האָב איך טרערן!
איר האָט געגלעט מיין קאָפּ
מיט גלויביק־גרוים באַגערן...

און נישט דערפילט האָב איך
דעם גאָט אוים אייער שווערן...
איר האָט געזאַלבט מיין קאָפּ
מיט איניק־הייסע טרערן —
און איך האָב יעדעס וואָרט
צו אייך אַזוי געוואויגן!...
געגאַנגען צווישן אייך
מיט צוגעמאַכטע אויגן...

משה נאַדיר

## איך קום גענטער צום טאָג

כ׳קום גענטער צום טאָג,
כ׳קום גענטער צו אייך.
און קוקט נישט מיט חשד, מײַנע ברידער.
איך קום דאָך ווי איר פֿון דער אָרימער גאַס,
איך קום דאָך ווי איר פֿון דער נידער.

און האָב איך אַמאָל מיט גאַוודיק וואָרט,
מיט זשעסטן געפֿלאַכט און געקונציקט —
ס׳האָט מיך ס׳לעבן געפּאַטשט שוין גענוג
און אויגן און ליפּן פֿאַרוואונדיקט.

כ׳קום גענטער צו דיר,
געטרײַ מיר דײַן האַנט
אָ, הבר אויף בלוטיקע וועגן.
נישט שטיי אין מײַן טיר
אין ספק געשפּאַנט
ווי אַ גאַסט אויף אַ ווײַל, אויף אַ רגע.

נישט פֿרעמדט זיך פֿון מיר
אָ, נאָענטסטע מײַן,
איך טאָר מיך פֿון אייך נישט פֿאַרפֿרעמדן.

איך דריי איין דעם לאָמפּ
פֿון מײַן בליציקן וואָרט,
כדי אייך
די אויגן נישט בלענדן.
פֿאַרשטייט מיך און גלויבט מיר,
און גלויבט, אַז מײַן אויג

קען קיינמאָל נישט זאָגן קיין ליגן.
איך ברענג אייך די זאַפּט
פֿון מיין ווייטיקדיק וואָרט
אין פּראָסטן,
אין ערדענעם קריגל.

איך קום זיך נישט בויגן
אפילו צו אייך,
אפילו צום הארץ מיינעם אויך נישט.

מיין צאַפּלען, מיין צוקן
ווערט מילדער,
ווערט ווייך,
אַז איך ווייס, אַז מ י י ן הויך איז קיין הויך נישט.

איך שטעל מיר
קיין גאָלדן מצבהלע ניט.
איך לעב נישט פֿאַר ווײַרויך און לאָרבערס,
איך גיי מיט די קעמפֿנדע אָרעמע מיט
און טראָג מיינע פּלייצעס ווי טאָרבעס.

איך וויל אייך נישט זאָגן,
אַז ליב האָב איך, ליב
די שטומע, די שטוינענדע מאַסן,
ווען זיי הויבן־אָן ברויזן
ווי שטראָמען סוף־מעריץ,
ווען יאָרהונדערטער־שליוזן צעפּלאַצן.

איך וויל אייך נישט גלעטן
מיט סאַמעטן וואָרט
אָט דאָרט, וואו עס ווייטיקט צום ערגסטן.
איך וויל אייך נאָר זאָגן, ביז איר זענט נישט זאַט,
וועט אייגענער ביסן מיך ווערגן.

גו, זאָל זיין געגוג.
איך קום זיך פֿאַר אייך
מיט גרויסע פֿאַרדינסטן נישט רימען —
איך וויל נאָר, אַז איר,
אַז איר נאָר אַליין
זאָלט ווערן די שטים פֿון מיין שטימע...

און וואָס נאָך?
כ׳האָב מיין מאַמען דאָך זיכער געליבט —
ס׳קען קיינער, מיר דאַכט, מער נישט ליבן —
דאָך האָב איך איר קיינמאָל
קיין זיסינקע בריוו,
קיין הניפהקע בריוו נישט געשריבן.

איז קומט נענטער צו מיר
און שרייט דורך מיין מויל
און זינגט דורך מיין האַרץ,
דורך די אויגן.

איך קום זיך נישט בוקן,
נישט שמייכלען צו אייך,
איך קום זיך צו קיינעם נישט בויגן.

## דער סאָד

ר. אייזלאַנדן

אָ ליכטיק האַרץ, מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָן עס:
נאָך טעג פֿון אומרו, פּחד און סכנות
ביסטו דערשוואומען צו דער רו פֿון באָרטן:

עס רוישט מיט זאַטער צייטיקייט דער גאָרטן
און קילט מיט פֿרישע עפּל און מיט באַרנעס.
און ס׳נייגט זיך טיף דאָס גראָז צו טריט פֿון סאַרנעס,
וואָס וואָגלען זאַנפֿט און צאַרט ווי שלאַנקע פֿרויען,
פֿאַרבענקט צו הייסער ערד, וואָס אָטעמט פּאַרנע
מיט פֿרייד און גאָלד פֿון זומערדיקע שעה׳ן.

ווען זון פֿאַרגייט און גרינגער אָוונט בלויט
מיט קילער רו צום פֿיאָלעט פֿון קרויט,
ווערט פֿייכט דאָס גראָז — און פֿון דיביימער טויט
די שטילקייט — וואָס מיין ערשטע, טיפֿסטע היים איז,
און ס׳שמעקט די נאַכט מיט צייטיקייט און שלימות.

און ס׳פֿאַלן דעמלט מיט אַ טיף געהיימער
קראַפּט בלאָע פּירות פֿון די הויכע ביימער.
ס׳ווערט זיס די פֿרוכט פֿון שטערן און דער הימל
ווערט טיף און בלאָ און גוט ווי ברויט מיט קימל.
און קריגן ווערן פֿול און גייען איבער
און ס׳שמעקט מיט זעט און שפע אין די שטיבער...

ווערט טיף די נאַכט, די וועלט ווערט וואונדערלעכער.
די וואָך איז זאַט. און ווי אַ פֿולער בעכער
מיט טונקלען וויין פֿאַרנייגט זיך טיף דער פֿרייטיק.

אָ ברידער מיינע: לאָמיר ווערן צייטיק!

## דבורה פֿאָגעל

### טרינקליד I

איצטער איז די צייט געקומען,
געקומען די צייט פֿון טרינקלידער
וואָרום טרויעריק זענען מיר ביז צום טויט.

וואָסזשע קאָן מען טון
ווען ס׳נעמט אונדז אַרום דער טרויער
ווי אַ קרעל מיט טויזנט אָרעמס
פֿון דער זייט און פֿון דער צווייטער זייט
וואָסזשע קאָן מען טון...

ווען מען קען נישט לעבן אָן מענטשן
און מען קען נישט לעבן מיט זיי?

טאָ זאָל מען זיך זעצן אַרום טישן,
פֿרויען זאָלן זיך אין ווייכן סאַמעט אָנטון,
מענער זאָלן הייסע ליפּן ברענגען
און הענט צערטלענדיקע טרויעריקע הענט.

און מען זאָל קרישטאָלענע גלעזער שטעלן:
פֿון קילן בערנשטיין גלעזער, פֿון רויטע קרעלן —
און זיך טוקן אין דעם קלעבּיקן געטראַנק
אין געטראַנק פֿון טרויבן און פֿון קושן.

און מער גאָרנישט
און מער גאָרנישט טון
וואָרום וואָסזשע קאָן מען מער נאָך טון...

## יוסף פאַלק

# אין דער פּרעמד

אַליין מער קלאָרער ווערט מיר אין דער פּרעמד:

ס׳איז מיין היים אַ ווייטע יענע־וועלט,
וואו מיין מאַמע לאַטעט מיר אַ העמד,
און באַצער׳ט אַזוי מיין טאַטנס אויג
איז מיט ספקות אויף מיר אָנגעשטעלט
(ס׳איז אַ קשיה, צי פּאַר עפּעס כ׳טויג!)
און מיין ברודער צו דער וואַנט מיך קלעמט
מיט אַ האַרבער שאלה וועגן גאָט
און ער שווערט מיר צו — צו האַלטן סוד...

אַליין מער וואָרער ווערט און שווער די פּרעמד!

רחל ה. קאָרן

## דיר

כ׳בין דורכגעווייקט מיט דיר, ווי ערד מיט פרילינגדיקן רעגן
און ס׳הענגט מיין בלאָנדסטער טאָג
באַם קלאַפּנדיקן דופק פון דיין שטילסטן וואָרט
ווי די בין באַם צווייג פון בליענדיקע ליפּעס.

און כ׳בין איבער דיר, ווי דער צוזאָג פון שפע
אין דער צייט,
ווען אין פעלד גלייכט זיך אויס דער ווייץ מיטן קאָרן
און לייגט זיך מיט דער האָפענונג פון גרינקייט
איבער די אויסגעקערטע פּאָדלאָגעס פון שפּייכלערס.

פון מיינע שפּיצנפינגער טריפט געטריישאַפט אויף דיין מידן קאָפּ
און מיינע יאָרן,
פעלדער, אויף וועלכן ס׳טרעטן דיינע פיס,
ווערן פעט און אָנגעשוואָלן
פון צער
דיך צו ליבן, געליבטער מאַן.

## דוד קעניגסבערג

# אין דער פּרי

שוין גראָ אין דרויסן, ס׳האָבן שוין די הענער,
מיט גרינגע פליגל טוענדיק אַ שלאָג,
געקרייעט אין דעם שלאָפּפולן פּאַרטאָג.
שוין וועקן זיך אויפסניי דעם טאָג־רעש׳ס טענער.

דער וואַסערטרעגער איז שוין אויפגעשטאַנען
פון זיין געלעגערס האַרטער מאָרגנרו,
באַוועגט זיך שלעפעריק צום וואַסער צו,
און קומט זיך הוידענדיק מיט שווערע קאַנען.

פּאַוואָליע קומט דאָס לעבן אין זיין גאַנג
און טירן עפענען זיך אין יעדן הויז.
ס׳גייען שכנים בא אייַנאַנדער איין און אויס. —

דער שלעפער איז פאַרשלאָפן היינט צו לאַנג,
כאַפּט אויף זיך: שפּעט! און טוט זיך אַזש אַ וואָרף:
דער דאָרפסנייער איז שוין אין צענטן דאָרף.

●

נאָגט זענען מיר אַלע וואונדער
און מעשים פון יעדער צייט.
און בין איך דאָ אַצינד־ער —
און מאָרגן בין איך ווייט.

דעם וועג פון שטן מייד איך;
זיין ברייטסטער וועג איז מיר שמאָל.
און וואו סע וואוינט די ליבע,
דאָרט קום איך נאָך טויזנטמאָל.

## מלך ראַוויטש

### קינד

אין אַן אָסיען־פֿאַרנאַכט
ווערט קיל און טונקל אין מיינע שטיבער,
צינד איך אָן אַ ליכט און לעז די לידער פֿון מיינע פֿריינט.
קלאַפּט עמיץ אָן, גיי איך און עפֿן.
— אָ, דו מיין ליבער!
ער אָבער זעצט זיך אַקייגניבער,
שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן בײדע הענט;
בלאָזט אויס דאָס ליכט.
דערוויילע איז געוואָרן טיפֿע פֿינצטערניש.
— דו, זאָגט ער,
וואָס האָט דיר אַ ווייב געטויגט,
אַז זי זאָל האָבן דיר אַ קינד, אַ קראַנקס?
עס איז דאָך קראַנק, זיינע ביינדעלעך זענען אזוי שמאָל;
און, אַז עס לאַכט שוין יאָ אַמאָל, אַמאָל,
געפֿעלט מיר נישט זיין לאַכן.
אָט אַזאַ קליינס, לאָז עס נאָר איבער אויף איין מינוט
אויף אַ טיש, פֿאַלט עס אַראָפּ,
און אָט פֿון דעם קליינעם, בלאָנדן קאָפּ
קאָן גיין אַ גאַנצער בעקן בלוט.
און טאָמער פֿאַרקילט עס זיך, אָט אַזאַ קליינס,
קען עס דען אויסהאַלטן פֿערציק גראַד פֿיבער?
איין טאָג, אפשר —
באַנאַכט וועט עס דיר רעדן פֿון פֿיבער,
וועסט רייסן די הויט פֿון דיין לייב דיר פֿאַר צער —
און פּלוצלינג בלייבט דאָס הערצעלע שטיין —
איז אַליץ פֿאַריבער.
אָט אַזאַ קליינס ווערט באַלד ווי פּאַרמעט געל;

און די תכריכימלעך — —
די גאַנץ, גאַנץ קליינינקע תכריכימלעך — —



## די פֿאַרשטויסענע צו די אָרימע

איר האָט אַ טאַטן, אַ שטוב און אַ קינד
און האָט אַן אייגן בעט
און וויים געוועט
און אויף אייער קעך שטייט אַ טאָפּ פֿון בלעך
און פֿייער ברענט אונטער אייער קעך.
און אַז ס'איז אייך אומעטיק אין שטוב אַליין,
קענט איר אויף אַ שעה צון אַ שכן גיין.

און אייך מיו׳ האָבן ווייבער, דאָך אונדזער ווייב
פֿאַרקויפֿט אין די נעכט דאָט צעמוטשעטע לייב
און אַז עס ווערט אונדז געבוירן אַ קינד,
דערטרענקען מיר עס אין אַ וואַסער, וואָס רינט
אָדער לאָזן עס ליגן אין נאַכט, רעגן, ווינט.

און ווערן מיר קראַנק, ווערן מיר מיטאַנאַנד
מיט טשיפּערן אויסנומערירט
און אין פֿערשטאָט־שפּיטאָל אַריין אָפּגעפֿירט.
און טאָמער גיט טויט נאָר אַ שאַרפֿערן בלאָז,
נעמט מען פֿון אונדז שוין באַצייטנס די מאָס —
באַם לעבעדיקן לייב.

## טאַרנאָוו

דער מאַרטשין־באַרג און דער שטשעלעצקי,
די קלויסטער־שפיצן און דער געלער בעטלער,
פלאַקאַטן אויף די ווענט. אין אַ „מאַטשעיאָווקע“ אַ סטודענט,
מיט אַ שירעם און אַ קראַכער שפאַנט דער שטאָלצער שטעטלער.

דורך די פלאַנטן פֿון דער באַן אַ דאָרפֿסמאַן מיט אַ קאַן,
צו דעם שטעקן צוגעקניפט אַ זעקעלע מיט קעז.
יידעלעך מיט פעק און בערגלייט מיט די העק,
פראָפֿעסאָרן מיט די צוויקערם אויף די נעז.

אויף קראַקאָווסקע־גאַס, אַ קראַקאָוויאַטשעק מיט אַ פאַס.
ס׳קלינגט דער זעבל און די שפאָרן בליצן.
אין אַ פֿיאַקער בליצט פֿאַרביי אַ דאַמע, רייציק בלאַס.
אַך, נעבן אירע פֿיסלעך איצט צו זיצן.

פריצעלעך מיט הינט, דער לאַשטשענדיקער ווינט
טשעפעט זיך צו זייער גאַרניטאָר.
די פֿירשטן אין אַ שלעפ, און די בלויזע קעפ
אַקאַדעמיקער מיט גלאַט־פֿאַרקעמטע האָר.

צו דעם הייליק אָרט אַ שוואַרצער וואָגן פֿאָרט.
ס׳נויגט זיך צו דער ערד דער גאַנצער פאַרק.
יידענעס באַם טויער, פֿון רויטע קאַלינעס דער טרויער,
ווי אַ פֿויגל־שרעקער שטאַרט דער שלאָס פֿון מאַרטשין־באַרג.

## פֿראַדל שטאָק

### צי זאָל איך מיך פֿאַרבאָרגן

צי זאָל איך מיך פֿאַרבאָרגן ערגיץ־וואו
און וויינען שטיל, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
און אויסווישן צוריק די מידע אויגן,
וואָס האָבן קיינמאָל, קיינמאָל נישט קיין רו?

און לאָזן וואַנדערן אַוועק מיין בליק,
ווי ביז אַהער, אין גרויע, גרויע ווייטן,
און וואַרפֿן אים דערנאָך אויף אַלע זייטן,
אין קראַנקער אומרו יאָגן זיך נאָך גליק? —

צי זאָל איך מיך אַ וואָרף טון ווילד אַריין
אין מיטן גאַס, מיט אָנגעצונד'נע אויגן
און ברומען, ווי אַ טיגערין, פֿון פּיין,

די דורכנדיקע נאָזלעכער צעפֿלויגן? —
צי זאָל איך ערגיץ־וואו פֿאַרגראָבן זיין,
און וויינען שטיל, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן...

## מאיר שטיקער

### גליק

גליק וועט קומען אין אַ שאָפּנפּעליץ,
אין ווייכן שאָרך פֿון זיידנס און פֿון וואָל,
אין גאָלד און הייטערקייט פֿון אויסגעשטרעקטע בערג,
אין בליאַסק פֿון וואַסערלעך אין פֿלאַכן און אין טאָל.

זיין בליק וועט צערטלען פֿרעמדע ווינקעלעך,
געזעגנונג וועט אַ שפּריי טון פֿון זיין מויל
און ווי אַ סאַרנע מיט אַ וואונד אין האַרצן
פֿאַלן אויף מיין בעט ווי פֿון אַ קויל.

# משה שימעל

## מאָראַליזאַטאָריש ליד

שלאָגט נישט קיין פערד. באַשווערט נישט קיין טישן מיט צו שווערער לאַסט.
איר זאָלט נישט אָפּבריען די זון מיט אויגן אייערע אָן ברילן.
קושט דעם מענטש, די לבנה און די שטיינער אויף דער גאַס.
פאַרטראַכט זיך, ווי הילפלאָז און איינזאַם עס זענען טרער און תפילה.

זעט, ס'זאָל דער האַלדז נישט פייניקן דעם קאָלנער, ס'איז אַ שאָד.
נישט שטערט מיט פענעס גרויזאַמע די אומשולד פון פּאַפּיר.
באַפרייט דאָס וואַסער פון העלישן זאַט.
לאָזט נישט וויינען אין די נעכט פאַראיינזאַמט דאָס קלאַוויר.
פאַרוואָס טוט אייך נישט באַנג:
די הילצערנע באַנק,
די לאָמפּ, די שפּין,
אָוונטיקע אויגן, וואָס זענען גרין.

פאַרטיליקט נישט קיין פייגל. האַקט נישט קיין ביימער, שלאָגט נישט דאָס קינד.
נישט קויפן זאָלט איר בלומען פאַר די גירלס פון שאַנטאַן.
זאָל אייך צום האַרצן זיין דער ווינט
און דאָס פינקלדיקע פינטעלע פון אַעראָפּלאַן.

געדענקט, אַז נישט באַוויינען זאָלט איר מער דעם האַרבסט.
און דעם שניי.
צו וואָס פאַרבלוטיקן דאָס אייגענע האַרץ?
עס טוט דאָך וויי...

## אליעזר שינדלער

### דער וועג

...און לאַנג וועט דער וועג זיין — מיט שפּיציקע דראָטן,
די סעדער און בייטן — מיט שטאַנגען פאַרצוימט;

אין שקר, אין שטאָלענע קייטן געפאַנגען,
וועט ליגן דער חלום, וואָס דו האָסט געטרוימט...

וועט שמאַכטן דיין גומען אויף ביטערן וואָגל
און לעכצן מיט רחמים נאָך קוועלנדיק וואַסער...

זיי וויסן: מיט רויך איז געפּילט אָט דער לאָגל,
וואָס ס'טראָגט דיר אין פאַלטשקייט אַנטקעגן דיין האַסער...

מינכן, תרפ״ג.

## דאָס לעמעלע

ר. א.

און אָט איז האַלץ און אָט עקידה,
און אָט איז חלף אויך שוין דאָ.
אויף קרבן גרייט מיר וואַרטן בײדע —
נאָר לעמעלע איז נאָך נישטאָ.

און אָט איז זון — אַ ברוסט צום זייגן
און אָט איז טאָג נאָך יונג און בלאָ,
און קיינער וויל פֿון אונדז זיך לייגן —
און לעמעלע איז נאָך נישטאָ.

און קיינער וויל פֿון אונדז אַהיימגיין,
און קיינער וויל נישט בלײַבן דאָ.
און קיינער קאָן פֿון אונדז נישט גרייט זײַן —
און לעמעלע איז נאָך נישטאָ.

און אָט איז שטריק און קויש אויף בײנער,
און אָט איז זאַק אויף טלאָ און קלאָ.
און אָט איז פֿייער שוין געלייגט אויף שטיינער
און לעמעלע איז נאָך נישטאָ.

און אָט איז באַלד שוין טאָג פֿאַרגאַנגען,
און אָט איז נאַכט — אַ שוואַרצע קראָ.
און מיר, מיר זענען אויך פֿאַרגאַנגען —
און לעמעלע איז אַלץ נישטאָ.

אַדלער יעקב (געב. 1877 אין דינעוו) — זכרונות, 1907. געקליבענע לידער, 1924 א. אַ.

איזלאַנד ראובן (געב. 1884 אין ראַדאָמישל) — פֿון מיין זומער, 1922.

אימבער שמואל יעקב (געב. 1889 אין סאַסעוו) — וואָס איך זינג און זאָג, 1907. אסתרקע, 1911. אין יידישן לאַנד, 1912. רויזנבלעטער, 1914. הימלידער, 1918. וויקטאָריא, 1920. וואַלד אויס, וואַלד איין, 1920. געקליבענע דיכטונגען, 1921 א. אַ.

אַשענדאָרף ישראל (געב. 1909) — אין אַ גרויסער, פֿרעמדער שטאָט, 1932.

●

באָמזע נחום (געב. 1906) — אין טעג פֿון דער וואָך, 1929.

באַראַש אשר (געב. 1889) — יידישע לידער אין גאַליצישע צייטשריפֿטן; אין בוכפֿאָרם פֿאַרעפֿנטלעכט נאָר זיינע העברעאישע ווערק.

●

גראָס נפתלי (געב. 1895 אין קילעמיי) — פּסאַלמען, 1919. לידער, 1920. דער ווייסער רייטער, 1929. יידן, 1929.

גרינבערג אורי צבי (געב. 1894 אין בילקאַמען) — ערגיץ אויף פֿעלדער, 1915. אין צייטנס רויש, 1919. פֿאַרנאַכטנגאָלד, 1921. מעפּיסטאָ, 1921. אין מלכות פֿון צלם („אַלבאַטראָס") 1923. עטלעכע לידערביכער אויף העברעאיש.

●

דעמביצער סאַלאָמאָן (געב. 1888) — לעבנסקלאַנגען, 1907. פֿאַרלוירענע וועלטן, 1910. פֿון מיינע טעג, 1911. וואָלקן, 1912. שוואַרצע בלעטער, 1913. פֿאַרקלונגענע צייטן, 1924 א. אַ.

●

האַלפּערן משה לייב (געב. 2. יאַנואַר 1886 אין זלאָטשעוו ● געשט. 31. אויגוסט 1932 אין ניו־יאָרק) — די גאָלדענע פּאַווע, 1924.

האָראָוויץ בער (געב. 1895) — פֿון מיין היים אין די בערג, 1919. ריח פֿון דער ערד, 1920 א. אַ.

●

ווירטה מיכל (געב. 1877 אין לעמבעריק ● געשט. 1919 אין ווין) — ווירטה איז דער באַגרינדער פֿון דער מאָדערנער יידישער ליריק אין גאַליציע; אין בוכפֿאָרם גאָרנישט פֿאַרעפֿנטלעכט.

וועבער ה. (געב. ) — לידער אין „צושטייער", 1930 און אין „ליטעראַרישע בלעטער".

●

טעלער י. ל. (געב. 1912) — סימבאָלן, 1930.

●

לי מלכה (געב. 1904) — לידער, 1932.

לייבל דניאל (געב. 1891) — אין גרינעם לאָמפּנשיין, 1922 א. אַ.

לעווי יוסף הלל (געב. 1891) — יוגנטוועלטן, 1913. דאָס אַלטע ליד, 1914. פֿרומע געזאַנגען, התר"פּ. אַלטע און נייע לידער, 1927.

●

מעסטעל יעקב (געב. 1884) — פֿאַרחלומטע שעהען, 1909. אַ ליבעסליד, 1911. וויטאַ חייזה, 1913. סאָלדאַטן- און פּאַיאַצנלידער, 1930. א. אַ.

●

נאַדיר משה (געב. 1885 אין נאַראַיעוו) — ווילדע רויזן, 1915. פֿון מענטש צו מענטש, 1919. אין ווילדן ווערטערוואַלד, 1919. אויף געלעכטער, 1919. דערלאַנג אַהער די וועלט, בורזשוי!, 1930. א. אַ.

נייגרעשל מענדל (געב. 1903) — אין שוואַרצן מלכות, 1924. געצעלטן, 1930. קיילעכדיקע טעג, 1935.

●

פֿאָגעל דבורה (געב. 1902) — טאָג-פֿיגורן, 1930. מאַנעקינען, 1934. א. אַ.

פֿאַלק יוסף (געב. 1889) — לידער אין לעמבעריקער „טאָגבלאַט" און „צושטייער".

●

ק אָ ר ן  ר ח ל  ה. (געב. 1898) — דאָרף, 1928.

ק ע נ י ג ס ב ע ר ג  ד ו ד (געב. 1891 אין בוסק) — לידער, 1912. סאָ־נעטן, 1913. נייע לידער (אין ש. י. אימבערס ‚*inter arma*‘), 1918. הונדערט סאָנעטן, 1921. קינדס טויטנלידער (אין „ווארשעווער אַלמאַ־נאַך“), 1923.

●

ר אַ ו ו י ט ש  מ ל ך (געב. 1893 אין רעזעס) — אויף דער שוועל, 1912. רואינענגראַז, 1917. שפינאָזא, 1918. נאַקעטע לידער, 1921. דער קרן פֿון אַלע מיינע לידער, 1922. פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפֿטן, 1924. די פֿיר זייטן פֿון מיין וועלט, 1928 א. אַ.

●

ש ט אָ ל צ ע נ ב ע ר ג  אַ ב א (געב. 1905) — לידער אין יידיש־אַמערי־קאַנישע צייטשריפֿטן („אינזל“, 1926, „צוקונפֿט“ א. אַ.).

ש ט אָ ק  פּ ר אַ ד ל (געב. 1890) — לידער אין יידיש־אַמעריקאַנישע צייטשריפֿטן און אין ע. קאָרמאַנס אַנטאָלאָגיע „יידישע דיכטערנס“, 1928.

ש ט י ק ע ר  מ א י ר (געב. 1905) — לידער אין צייטשריפֿטן.

ש י מ ע ל  מ ש ה (געב. ) — לידער אין „ליטעראַרישע בלעטער“, „גלאָבוס“ א. אַ.; אין בוכפֿאָרם פֿאַרעפֿנטלעכט נאָר זיינע פּוילישע לידער.

ש י נ ד ל ע ר  א ל י ע ז ר (געב. 1892) — דערנער, 1912. פֿון סטעפּ און ישוב, 1922. א קוואַל זיך זינגט, 1924. שירים און איבערזעצונגען, 1927. לידער, 1929 א. אַ.

ש נ אַ פּ ע ר  ב ע ר (געב. 1903) — אָפּשוים, 1927. מיין שטאָט, 1932. מעשה און ליד, 1934.

# אנאָנסן